פראָלעטאַריער אַלער לענדער, פֿעראייניגט אייך!
דער אַלגעמ. אידישער אַרבייטערבונד אין ליטא, פוילען און רוסלאַנד.

# ווי האבען מיר זיך פארבאריקאדירט.

(די יאַקוטסקער דראַמע).



אַרויסגעגעבען פֿון
אַלגעמיינעם אידישען אַרבייטערבונד
אין ליטא, פוילען און רוסלאַנד.








זשענעוו.
דרוקעריי פֿון אַלגעמיינעם אידישען אַרבייטערבונד (בונד).
אָקטאָבער 1904 יאָהר.

נאַטאָר פֿאַנאַנדערגעשיקט אַ שטרענגען צירקולאַר, אַז אַזאַ ערלויבניס זאָל מען געבען נאָר אין ספּעציעלע צופֿאַלען. פֿאָהרען, למשל, נאָך די קאַזיאָניע „פּאָסאָביע" (שטיצע), איינקויפֿען פּראָדוקטען א. ד. גל. — דאָס אַלין רעכענט זיך ניט פֿאַר קיינע ספּעציעלע צופֿאַלען, און דאָס טאָר ניט ערלויבט ווערען. אָט דיזער צירקולאַר האָט אין אמת'ן אין גאַנצען פֿערוועהרט דאָס אַרויספֿאָהרען פֿון תחום און האָט צוגעשמיעדט די פּאָליטישע צו זייערע פֿערוואָרפֿענע יאַקוטסקע דערפֿלעך. פֿריהער פֿלעגט מען נאָך אַנדערע פּאָליטישע לאָזען וואָהנען אין יאַקוטסק גופא, וואו מען קען פּראָסט אָהן זיי ניט אויסקומען, צוליעב זייערע ספּעציעלע קענטניסע (ווי, למשל, דאָקטוירים, היבאַמעס א. ז. וו.); איצט האָט דער גענעראַל-גובערנאַטאָר פֿערבאָטען, מען זאָל ווּעמען ניט איז לאָזען אין שטאָט. פֿון יאַקוטסק האָט מען אָנגעהויבען פֿאַנאַנדערצושיקען ניט נאָר אַלע נייע אָנגעקומענע, נאָר אפילו די אַלטע, וועלכע האָבען שוין דאָרטען לאַנג געוואָהנט מיט דער ערלויבניס פֿון גובערנאַטאָר. ביז איצט פֿלעגט מען אַלע פּאָליטישע, וואָס קומען אָן מיט'ן עטאַפּ, בעפֿרייען אין יאַקוטסק, וואו זיי פֿלעגען זיך קענען אָברוהען, זיך בעראַטהען מיט די גענאָסען, איינקויפֿען אַלץ, וואָס איז נויטוג אויף די ווייטערדיגע רייזע; איצט האָט מען געוואָלט ניט אַנדערס (דאָס האָט זיך, אמת, ניט איינגעגעבען) ווי אַריינטרייבען די פּאָליטישע, וואָס קומען אָן אין יאַקוטסק, גלייך אין געפֿענגניס און שוין פֿון דאָרטען פֿאַנאַנדערשיקען דירעקט אין די אולוסען. ביז איצט פֿלעגט מען אַלעמען, וועלכע האָבען געענדיגט דעם סראָק, גאָר אָהן שהות אָבשיקען צוריק אויף קאַזיאָנע הוצאות; איצט האָבען די, וועלכע האָבען געענדיגט דעם סראָק, בעקומען אַ'ן ענטפֿער, אַז לויט די לעצטע צירקולאַרען דאַרפֿען זיי אַליין געפֿינען מיטלען, מיט וואָס צו פֿאָהרען אַהיים. אונזער רעגירונג, פֿערטרייבענדיג מענשען אין די הרי-חשך, געפֿינט ניט פֿאַר נויטיג זיי צו ברייגען צוריק, ווען זיי האָבען שוין דאָרטען אָבגעפּטר'ט זייער שטראָף.

די ווירקונג פֿון די צירקולאַרען האָט זיך באַלד אָנגעהויבען אַרויסצואווייזען. מען האָט באַלד דערזעהען, אַז דער גענעראַל-גובערנאַטאָר האָט פֿיינט צו טרייבען קאַטאָוועס. אין יעניסעיער און אירקוטסקער גובערניעס האָט מען אָנגעשיקט אַזוי פֿיעל נאַדזיראַטעלעס, אַז אין איינינגע ערטער איז אויסגעקומען כמעט אויף יעדען פּאָליטישען אַ נאַדזיראַטעל. די „ווייטע געגענדען פֿון יאַקוטסקער אָבלאַסט" האָבען זיך אויך אויסגעלאָזען ניט קיין סטראַשונעק, ווי דער גיהינם פֿון קעלעמער מגיד, נאָר זעהר אַ רעאַלע זאַך: פֿיעלע פֿון יעניסעיער און אירקוטסקער גובערניעס האָט מען איבערטראַנספּאָרטירט אין ווערכאָיאַנסק און קאָלימסק, דערלייגענדיג זיי צו 5-3 יאָהר סיביר. פֿיעלע, וואָס האָבען נאָך דערווייל ניט דערפֿיהלט אויף זיך קוטאַיסאָוו'ס גרימצאָרן האָבען געקענט האָפֿען, אַז היינט-מאָרגען וועט מען זיך אָן זיי דערמאָנען. עס איז געוואָרען קלאָר ווי דער טאָג, אַז אַ פּראָטעסט מוז אויסברעכען מיט דער זעלבער נויטוועגדיגקייט, ווי יעדע נאַטירליכע קראַפֿט: פֿון איין זייט שטעהען די פּאָליטישע פֿערשיקטע, וועלכע ברענען מיט אַ'ן אינערער פֿיינדשאַפֿט צו דער רוסישער זעלבסטהערשונג, צו איהרע אַלע משרתים, גרויסע און קליינע, מיט איהר גאַנצען ווילקיר; פֿון דער אַנדער זייט ווערט דיזער ווילקיר אַלץ שטאַרקער, בעווייזט זיך אַלץ עפֿטער און אונערבאַרמליכער. אַ צוזאַמענשטויס צווישען דיזע ביידע קרעפֿטען איז געוואָרען אונפֿערמיידליך.

דער קאַמפּפֿס-פּלאַן איז געוועזן דער פֿאָלגענדער: די „אולוסניקעס" פֿאָהרען זיך צוזאַמען אין שטאָט, און צוזאַמען מיט די גענאָסען, וואָס

וואָהנען אין יאַקוטסק און מיט די, וואָס זיצען דאָרטען און וואַרטען, ביז מען וועט זיי אַרויסשיקען ווייטער, דערלאַנגען זיי אַ קאָלעקטיווע הודעה דעם גובערנאַטאָר, אין וועלכער זיי שטעלען אַרויס זייערע אַלע פֿאָדערונגען. כל-זמן דיזע פֿאָדערונגען זיינען ניט ערפֿיעלט, בלייבען זיי אַלע וואַרטען אין שטאָט. אַזוי ווי עס האָט גאָר קיין ספק ניט געקענט זיין, דאָס די אַדמיניסטראַציע וועט וועלען כאַפּען איינציגוויזע און פֿאַנאַנדערשיקען אין די „אולוסען", מוזען אַלע זיך צוזאַמענקלייבען אין איין אָרט. און אַזוי ווי אַהין וועלען געוויס קומען פּאָליציי מיט סאָלדאַטען, וועלכע וועלען שלעפּען מיט געוואַלד, מוז מען זיך בעוואָפֿענען און זיך צוגריי-טען צו אַ ווידערשטאַנד, ד"ה זיך פֿאַרבאַריקאַדירען.

דאָס אַליין, דאָס פֿאַרבאַריקאַדירען זיך אין אַרויסשטעלען די פֿאָ-דערונגען צום גובערנאַטאָר, איז אָבגעטהאָן געוואָרען דעם 18 פֿעברואַר אַרום 2 אַזייגער ביי טאָג. אַלס אַ'ן אָרט, וועלכער זאָל קענען פֿערוואַנדעלט ווערען אין אַ „פֿאָרט" און וועלכער האָט באַלד בעקומען אין שטאָט דעם נאָמען „פֿאָרט-אַרטור", איז אויסגעקליבען געוואָרען די הויז פֿון ראָמאַנאָוו („ראָמאַנאָווקאַ"). ראָמאַנאָוו'ס הויז איז אויף אַזאַ אופן אויפֿגעשטאַנען געגען דעם רעזשים פֿון ראָמאַנאָוו'ס דינאַסטיע. דיזע הויז געפֿינט זיך אויף אַ'ן עק שטאָט, ניט ווייט פֿון דער טייך לענאַ. דיזע הויז האָט אַ גרויסען און בעלעבטען הויף, אויף וועלכען עס געפֿינען זיך פֿערשיעדענע געביידעס, שפּייכלער א.ז.וו. דעם גרעסטען טייל פֿון הויף פֿערנעהמט אַ צוויי-עטאַזשנע הילצערנע הויז, וועלכע שטעהט צום גאַס. אין אונטערשטען עטאַזש האָט געוואָהנט אַ יאַקוטסקע פֿאַמיליע, אין אויבערשטען—אַ גרופּע פּאָליטישע, וועלכע האָבען זיך פֿון דאָרטען אַרויסגעקליבען, כאָטש זייער קאָנטראַקט האָט זיך געענדיגט נאָר דעם קינפֿטיגען זומער. אָט דעם אויבערשטען עטאַזש האָט מען דאָס פֿער-וואַנדעלט אין אַ „פֿאָרט". ער איז בעשטאַנען פֿון אַ פֿאָר-הויז, אַ קיך און 6 צימערען. ער האָט געהאַט צוויי טירען, איינע אויף'ן ווערענדע, וועלכע איז געווען אין גאַנצען פֿאַרבאַריקאַדירט. די צווייטע איז גע-ווען פֿערשטעלט נאָר אויף אַ העלפֿט, און מען האָט דורך איהר גע-קענט אַריין און אַרויס. די מעלה פֿון „פֿאָרט" איז געווען, וואָס ער האָט זיך געפֿונען אויף'ן צווייטען עטאַזש, דער חסרון — וואָס ער האָט גע-האַט צופֿיעל פֿענסטער (16, צווישען זיי איינער אַ גרויסער).

## II

דעם 18 פֿעברואַר אַרום 2 אַזייגער ביי טאָג האָבען מיר, אַלזאָ, געשיקט דעם גובערנאַטאָר אונזער הודעה, וועלכע עס האָבען אונטער-געשריבען 42 מאַן* און מיר האָבען זיך גלייך ענערגיש גענומען צו דער אַרבייט: מיר האָבען אָנגעהויבען צו שלעפּען אין שטוב קלעצער, וועלכע זיינען שוין פֿריהער געווען אָנגעגרייט, ברעטער, שטיקער אייז א. ד. גל. אין שטוב האָט זיך אָנגעהויבען אַזאַ קלאַפּעריי און טו-מעל, אַז עס האָבען אָנגעהויבען צוזאַמענצולויפֿען מענשען, וועלכע האָבען מיט פֿערוואונדערונג געקוקט, וואָס ביי אונז טהוט זיך דאָ. מיר האָבען געשווינד פֿאַרבאַריקאַדירט אין גאַנצען די טהיר פֿון קיך, איי-ניגע פֿענסטער, און האָבען געמאַכט אַ האַלבע באַריקאַדע ביי דער הויפּט-טיהר. די אַרבייט האָט אומעטום געברענט.

---

* נאָכהער זיינען צו אונז צוגעשטאַנען נאָך 15 מענשען, וועלכע זיינען געקומען שפּעטער און וועלכע האָבען דערלאַנגט דעם גובערנאַ-טאָר אַ צווייטע הודעה מיט זייערע אונטערשריפֿטען.

מיר האָבען נאָך ניט אוספּעיעט צו ברײנגען אַלץ אין אָרדנונג, ווי אונזערע געגנאָסען, וואָס זײנען געשטאַנען אויף׳ן פּאָסט, האָבען אונז אָנגעזאָגט, אַז דער גובערנאַטאָר מיט׳ן פּאָליצמייסטער זײנען געקומען צו פֿאָהרען. די שטעלע פֿון גובערנאַטאָר בולאַטאָוו, וועלכער איז גראָד-ניט געוועזן אין יאַקוטסק, האָט איצט פֿערטראָטען דער וויצע-גובערנאַטאָר טשאַפּלין. די געעהרטע געסט האָט אונזער פֿאָרשטעהער עמפּפֿאַנגען אויף די טרעפּ. דעם געעהרטען פּאָמפּאַדור איז אפילו געוועזן זעהר אונאַנגענעהם צו שמועסען הינטער אַ פֿאַרבאַררייקאַדירטע טיהר, אין דרויסען אויף דער קעלט, נאָר וואָס האָט ער נעבעך געקענט טהאָן? ער האָט זיך נאָר געקענט טרייסטען מיט דעם געדאַנק, אַז דער „הייליגער חוב" פֿאַר׳ן צאַר און פֿאָטערלאַנד נויטיגט יעדערען אַריבערצוטראָגען אונאַנגענעהמליכקייטען. ער האָט געזאָגט, אַז אונזערע פֿאָדערונגען זײנען שייך ניט צו איהם, נאָר צו דער העכערער אַדמיניסטראַציע. דאָס איינציגע, וואָס ער קען טהאָן, איז אויסקלייבען בעסערע ערטער פֿאַר די, וואָס זײנען בעשטימט אין יאַקוטסקער אָבלאַסט, און בעפֿעהלען די דאָרפֿישע בעאַמטע, דאָס זיי זאָלען הייסען די בויערען אָבפֿיהרען צוריק יענע, וואָס האָבען געענדיגט זייער סראָק, אויף דעם חשבון פֿון די דערפֿער, גלייך ווי די פּאָליטישע וואָלטען פֿאָהרען וועגען קאַזיאָנע ענינים*; קיין קאַזיאָנע געלד וועט אויף דערויף ניט אַסיגנירט. דעם 5-טען פּונקט איז ער גרייט צו ערפֿילען, ד"ה ער גאַראַנטירט אונז, אַז קיינער פֿון אונז וועט ניט בעשטראָפֿט ווערען, אויב נאָר מיר וועלען זיך גלייך פֿאַנאַנדערפֿאָהרען אויף אונזערע ערטער. מיר האָבען איהם ערקלעהרט, דאָס מיר פֿערשטעהען גאַנץ גוט, אַז ער איז ניט אימשטאַנד צו ערפֿילען אונזערע פֿאָדערונגען; מיר פֿערלאַנגען נאָר, ער זאָל מיט אַ טעלעגראַמע איבערגעבען אונזערע פֿאָדערונגען ווייטער אין פּעטערבורג. פֿון דעם האָט ער זיך ענטשיעדען ענטזאַגט, איינגעפֿינענדיג, אַז עס וועט ניט ברײנגען קיינע נוצען.

צוליעב דעם ענטשיעדענעם ענטפֿער פֿון גובערנאַטאָר האָבען מיר בעשלאָסען אַליין צו שיקען אַ גענויע און מאָטיווירטע טעלעגראַמע צום מיניסטער דעם אינערען; דיזע טעלעגראַם האָבען מיר אָבגעשיקט דעם 20-טען פֿעברואַר.

פֿון דעם טאָג אָן האָבען עטליכע צעהנדליג פּאָליציייסקע, סאָלדאַטען און קאָזאַקען אָנגעהויבען צו בעלאַגערען אונזער „פֿאָרט". זיי האָבען אַרומגערינגעלט אונזער הויז פֿון אַלע זייטען, נאָר אין הויף זײנען זיי ניט אַריין און מיר האָבען זיך מיט איהם געקענט בענוצען. באַלד אָבער האָבען אָנגעהויבען צו אַנטלויפֿען פֿון ראָמאַנאָוו׳ס הויז אַלע, וואָס האָבען אין איהם געוואָהנט, אָדער צוליעב דעם בעפֿעהל פֿון דער אַדמיניסטראַציע, אָדער מיט׳ן אייגענעם ווילען. עס איז פֿאָריבער אַ פּאָר וואָכען און פֿון די דירות האָבען אָנגעהויבען צו אַנטלויפֿען אפילו יענע, וואָס האָבען געוואָהנט בשכנות מיט ראָמאַנאָוו׳ס הויז. דאָס איז פֿאָרגעקומען איידער מען האָט אָנגעהויבען צו שיסען, ווען דער גאַנצער אַרומיגער ראַיאָן איז אין אמת׳ן געוועזן אין געפֿאַהר. ראָמאַנאָוו׳ס הויף, וואו עס האָט שטענדיג געקאָכט, וואו עס פֿלעגען שטענדיג אַריינפֿאָהרען צעהנדליגע פֿורמאַנעס, איז איצט געוואָרען פּוסט און עס האָט דאָרט געהערשט אַ טרויעריגע שטילקייט. אפילו

---

* פֿאָהרען צוריק כלומר׳שט וועגען „קאַזיאָנע ענינים" אויף דעם חשבון פֿון די דערפֿער איז זעהר אונאַנגענעהם ווי פֿאַר די פּאָליטישע, אַזוי פֿאַר דער בעפֿעלקערונג. די בויערען פֿאָהרען זעהר ניט גערן, לאַנגזאַם, איבערהויפּט הינטער אָליאָקמינסק.

אויף די שכנ׳ישע גאַסען איז אויך דער לעבען אָבגעשטאָרבען. מען האָט גוט אַכטונג געגעבען, דאָס קיינער זאָל ניט פֿאַרפֿאָהרען און ניט אַריינקומען אין די בעלאַגערטע הויז. אויסער די טאַבונעס פֿערד, וואָס פֿלעגען לויפֿען צום טייך אין דער פֿריה און פֿון אָווענד טרינקען, און קופּקעס פּאָליצייסקע און סאָלדאַטען, וואָס זיינען געשטאַנען ביי דער הויז, האָט מען ניט געקענט זעהען קיין לעבעדיגען נפש. אין שטאָט גופא האָט זיך אויך באַלד אַרויסגעוויזען די ווירקונג פֿון „בונט": איבער גאַנץ יאַקוטסקער אָקרוג האָבען זיך „פֿייל פֿון בייגען" פֿערשפּרייט פֿער-שיעדענע אימה׳דיגע נאַכריכטען וועגען דעם, וואָס עס קומט פֿאָר אין יאַקוטסק. די יאַקוטען האָבען מורא געהאַט צו פֿאָהרען אין שטאָט נאָך סחורה און פּראָדוקטען, כדי מען זאָל זיי דאָרטען ניט צוזאַמענ-טרייבען אויף די מלחמה מיט די פּאָליטישע. דער מסחר אין שטאָט איז צוליעב דעם רעכט געפֿאַלען.

אונזער שטימונג איז די גאַנצע צייט געווען אַ געהויבענע. אין פֿערלויף פֿון די ערשטע (און אויך די לעצטע) טעג איז זי געווען זעהר אָנגעשטרענגט. מיר האָבען זיך פֿערמאַכט אין ראָמאַנאָוו׳ס הויז, זייענדיג געגרייט פֿון דאָרטען קיין לעבעדיגע ניט אַרויסצוגעהען. דער גרעסטער טייל פֿון אונז האָט פֿאַר׳ן פֿאַרבאַרריקאַדירען זיך איבערגע-לאָזען בריעף צו פֿריינד און בעקאַנטע, אויף וועלכע עס איז געשטאַנען דער טרויעריגער אויפֿשריפֿט: „אָוועקשיקען נאָך מיין טויט". אַנדערע האָבען ליקווידירט מיט אַלץ, וואָס זיי האָבען געהאַט אויף דער פֿרייער וועלט. מענשען, וועלכע האָבען מיט עטליכע טעג צוריק קיין מאָל ניט אַ טראַכט געגעבען וועגען טויט, וועלכע האָבען געהאָפֿט נאָך לאַנג צו לעבען, צו אַרבייטען און צו דערלעבען אַ פֿרייערע צייט, דיזע מענשען האָבען זיך אַזוי גיך דורכגעדרונגען מיט דער פּסיכאָלאָגיע פֿון קריעגס-צייט, אַז זיי האָבען מיט דער גרעסטער קאַלטבלוטיגקייט געוואַרט דעם בלוטיגען סוף.

אַזאַ בלוטיגער סוף האָט געקענט אָנקומען יעדען מאָמענט. אמת, אונזערע פֿאָדערונגען זיינען געווען קליינע, אַזעלכע קליינע, אַז אייניגע פֿון די, וואָס זיינען צו אונז ניט צוגעשטאַנען, האָבען איינגעפֿונען, אַז די פֿאָרמע פֿון אונזער אונטערנעהמונג לערך צו דעם אינהאַלט פֿון אונזערע פֿאָדערונגען איז אַ צו מועמדיגע: דאָס איז גלייך—האָבען זיי געזאָגט—ווי שיסען אין אַ פֿויגעל פֿון אַ האַרמאַט, אָדער צוקנאַקען אַ נוס מיט אַ פּאַראָווען האַמער. אַז אונזערע פֿאָדערונגען זיינען ריכטיגע און געזעצליכע, דאָס האָט אונז געזאָגט די אַדמיניסטראַציע אַליין אין איהר געשפּרעך מיט אונז. אָבער שולדיג אין דעם, וואָס דער אינהאַלט פֿון די פֿאָדערונגען האָט זיך ניט געפּאַסט צו דער פֿאָרמע פֿון קאַמפּף, זיינען ניט מיר. די אבר-בטל׳ע, שוין לאַנג אָבגעלעבטע, רוסישע זעלבסט-הערשענדע אָרדנונג, וועלכע האַלט זיך נאָר אויף פּיקעסאָון נאַגאַיקעס, ברייננגט דערצו, אַז פֿאָדערונגען, וואָס זיינען ווייניגער ענערגיש אַרויס געשטעלט, ברייננגען ניט צו קיינע רעזולטאַטען.

דאָס האָט אונז דערוויזען טשאַפּלין אַליין. נאָר דורך אַ׳ן ענער גישען, האַרטנעקיגען און זעלבסטאָפּפֿערנדען פּראָטעסט קען מען וואָס עס איז דערגרייכען. אָבער ניט דירעקט, ניט באַלד אויף אַ׳ן אָרט! עס איז לייכטער דורכצוברעכען אַ מויער מיט׳ן קאָפּ, איידער זיך צו דערשלאָגען, אַז פֿאָדערונגען, וואָס זיינען אַרויסגעשטעלט אין אַ׳ן ענער-גישער פֿאָרם און נאָך דערצו ביי ניט לעגאַלע פֿערהעלטניסע זאָלען גלייך בעפֿריעדיגט ווערען. ווי איינפֿאַך, ווי ריכטיג און ווי „געזעצליך" פֿון שטאַנדפּונקט פֿון די רוסישע געזעצען די פֿאָדערונגען זאָלען ניט זיין; (וואָרים, וואָס דאַרף מען נאָך געזעצליכער, ווי אַזאַ פֿערלאַנג, מען זאָל

בעשטראָפֿט ווערען פֿאַר'ן איבערטרעטען דעם געזעץ איבער פּאָליציי-
אויפֿזיכט אויף'ן גרונד פֿון דיזען געזעץ), ווי אונזיניג עס איז ניט גע-
ווען פֿאַר דער רוסישער רעגירונג ניט צו ערפֿילען אונזערע פֿאָדערונגען,
האָבען מיר דאָך גאַנץ גוט פֿערשטאַנען, אַז עס איז העכסט אונגלויביג,
דאָס אונזערע פֿערלאַנגען זאָלען בעפֿריעדיגט ווערען. אַלזאָ, וועלען מיר
זיין געגויטיגט דאָ צו זיצען און זיך ענטזאַגען אַרויסצוגעהען פֿון „פֿאָרט".
אָבער אַזאַ אונגעהערטע „אונגעזעצליכקייט" וועלען, פֿערשטעהט זיך,
בשום אופן ניט דערלאָזען, ניט די פּעטערבורגער, ניט די אירקוטסקער
באַשיבוזוקען; מען וועט באַלד אָבגעבען אַ בעפֿעהל: „נעהמען מיט
געוואַלד!", אויף אונז וועט מען, אַלזאָ, אַרויפֿפֿאַלען און מיר וועלען
זיך אָנהויבען פֿערטהיידיגען. עס וועט פֿאָרקומען אַ שרעקליכע בלוט-
באָד, ווייל אָהן בלוט-פֿערגיסונג קען זיך ניט ענדיגען. מיר זיינען
געווען דערצו געגרייט, סיי אין פּסיכאָלאָגישער הינזיכט, סיי פֿון שטאַנד-
פּונקט פֿון אַ בעוואַפֿענטען ווידערשטאַנד — אויף וויפֿיעל מיר האָבען
געהאַט די מעגליכקייט זיך צוצוגרייטען. אין „פֿאָרט" איז איינגעפֿיהרט
געוואָרען דער קריעגס-רעזשים, דער רעזשים פֿון בעלאַגערונגס-צושטאַנד.
יעדער האָט געהאַט זיין אַרבייט, זיין פּאָסט. די באַרריקאַדען זיינען
וואָס ווייטער געוואָרען שטאַרקער און מעהרער. מען האָט דורכגעהאַקט
פֿיעלע לעכער צום שיסען; מען האָט אָנגענומען אַנדערע זעהר וויכטיגע
מאַסרעגעלען. ווי עס פֿלעגט אָנקומען די נאַכט, פֿלעגען אין שטוב
אויסגעלאָשען ווערען אַלע פֿייערען, כדי די ליכטיגקייט זאָל ניט שטע-
רען אונזער וואַך צו זעהען, וואָס עס קומט פֿאָר אַרום אונזער הויז אין
דער פֿינסטערניש. אין די ערשטע טעג זיינען די נערווען געווען אָנגע-
שטרענגט אויף'ן העכסטען גראַד; יעדע מינוט האָט מען געוואַרט, אַז
אָט-אָט בעפֿאַלט מען אונזער הויז. פֿון די אונערוואַרטעטע „פּראָבנע
טרעוואָגעס", כדי זיך איבערצוצייגען, צו ווייס יעדערער זיין אָרט,
פֿלעגט איינפֿאַלען די האַרץ. בשעת מען פֿלעגט דערהערען די 2
גרילצענדע פֿייפֿען, וועלכע האָבען געדאַרפֿט מודיע זיין, אַז דער פֿיינד
קומט אָן, פֿלעגט דער בת-הדמיון משל'ן פֿאַר די אויגען אַ מחנה
סאָלדאַטען, וואָס איז געקומען שטורמען אונזער הויז. באַלד אָבער
האָבען מיר זיך אַזוי צוגעוואָהנט צו דיזען בילד, אַז ווען דער פֿיינד
וואָלט געקומען, וואָלטען מיר איהם עמפּפֿאַנגען גאַנץ קאַלטבלוטיג און
רוהיג. בכלל איז אונזער שטימונג ביז'ן סוף געווען אַ מונטערע און
אויפֿגעהויבענע. מיר האָבען פֿיעל געזונגען, געטאַנצט, זיך נאַריש
געמאַכט. פֿערשיעדענע רעוואָלוציאָנערע ליעדער, רוסישע, פּוילישע, אי-
דישע, מאַלאָראָסישע, גרוזינסקע, האָבען שטענדיג געקלונגען אין שטוב
און זייער מעכטיגע שטימע האָט דורכגעבראָכען די דיקע ווענד און
אָבגעהילכט ווייט, גאַנץ ווייט אויף דער פֿרייער וועלט. דער פֿיינדליכער
שטורם האָט געראַשט איבער אונז, קיינער האָט ניט געוואוסט, וואָס
מיט איהם וועט זיין מאָרגען; אַרומגערינגעלט פֿון אַלע זייטען, זיינען
מיר געווען אַליין, אָבגעזונדערט אין אונזער „פֿאָרט", אָבער דאָך איז
דאָס געווען אַ „פֿאָרט". דאָס איז געווען דער איינציגער ווינקעל אין
גאַנץ ר ו ס ל אַ נ ד, וואו קיין באַשיבוזוק האָט זיך ניט געוואַגט און האָט
ניט געקענט אַריינשמעקען, וואו רעוואָלוציאָנערע ליעדער האָבען גע-
קלונגען פֿריי און מעכטיג, וואו די רויטע רעוואָלוציאָנס-פֿאָהן איז גע-
האַנגען ברייט, אונגעשטערט.

אַ פֿאָרראַט פֿון פּראָוויזיע האָבען מיר געמאַכט שוין פֿריהער,
שפּעטער האָט זיך אונז איינגעגעבען איהם דורך פֿערשיעדענע מיטלען
צו פֿערגרעסערען און מיר האָבען זיך ניט שלעכט ערנעהרט די גאַנצע
צייט. אין קיך זיינען געווען אָנגעלייגט גרויסע שטיקער אייז (אויף וואַ-

סער), און אויף זיי זיינען געלעגען גאַנצע טושעס רינד-פֿלייש און שפּעטער אויך פערד-פֿלייש. אייז האָט מען געזעהען ווי מעגליך צו שפּאָרען. טהע פֿלעגט מען געבען בעשטימטע פּאָרציעס; וואַשען זיך האָט מען איינגעפּונען פֿאַר אַ׳ן איבעריגען לוקסוס און מען פֿלעגט יוצא זיין דערמיט, וואָס מען פֿלעגט מיט אַ שטיקעל אייז אָנרייבען די גע-זיכט אַזוי לאַנג ביז די אייז פֿלעגט צוגאַנגען ווערען אונטער די הענד. מען פֿלעגט זיך אויך וואַשען מיט שנעע, וואָס מען פֿלעגט אַריינברייגען פֿון הויף. עסען פֿלעגט מען אונז געבען צוויי מאָל אין טאָג וואַרעמע. די פּפּליכט פֿון קוכאַרעס פֿלעגט מען ערפּיעלען איינע נאָך די אַנדערע, נאָך דער רייהע. געשלאָפֿען האָבען מיר די גאַנצע צייט אָנגעטהאָנע-נערהייט, איינוויקלענדיג זיך אין „באַרגאַולקעס" (גרויסע סיבירישע פעלצען). לאַנג שלאָפֿען פֿלעגט מען אַ פּנים ניט לאָזען: די אונבאַרמ-הערציגע משגיחים פֿלעגען קוקען פונקטליך אויף׳ן זייגער. אויף זייער בעפֿעהל פֿלעגט מען אָהן שהיות אויפֿשפּרינגען פֿון געלעגער און זיך שטעלען אויף דער וואַך, פונקט ווי יעדער פֿון אונז וואָלט גאַנצע יאָה-רען פֿערבראַכט אין מיליטער-שול. די דעזשורסטווע האָט זיך געפֿיהרט כסדר ביי טאָג און ביי נאַכט. ווי נאָר עס פֿלעגט ווערען ליכטיג, פֿלעגט זיך אָנהויבען צו טומלען: מען פֿלעגט שפּאַלטען האָלץ, האַקען פֿלייש, ברעקלען אייז, הייצען די אויוועגס, שטעלען סאַמאָוואַרען, באַקען ברויט, געהען בעקוקען דעם הויף, זעהען, וואָס דאָרטען טהוט זיך, אַרומקוקען און פֿערשטאַרקען אונזער פֿעסטונג פֿון אינעווייניג. עס זיינען ביי אונז פֿאָרגעקומען פֿיעל אינטערעסאַנטע פאַסירונגען, וועלכע האָבען אַריינ-געטראָגען אין אונזער איינאַרטיגען צייטפֿערברייגגען פֿיעל לעבען. ליי-דער קענען מיר זיי איצט, איבער פֿערשטענדליכע אורזאַכען, נאָך ניט איבערגעבען, וועגען זיי ווערט מען קענען דערצעהלען אַ ביסעל שפּע-טער. דאָ וועל איך נאָר איבערגעבען אַ פּאָר פאַסירונגען.

מיר האָבען בעשלאָסען צו שיקען אין שטאָט אַ׳ן „אויסזעהער". ווי מאַכט מען, ער זאָל קענען דורכגעהען דורך דער בעלאַגערונג? ווי עס איז געוואָרען נאַכט, האָט דער „אויסזעהער" זיך אָנגעטהאָן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס אין אַ ווייסען קיטעל, וואָס מען האָט דאָ ספּעציעל דערויף אויפֿגענעהט פֿון ליילעכער, און איז פֿאָרזיכטיג אַרויס אויף׳ן הויף. דאָרטען איז שוין געשטאַנען אונזערע אַ גאַנצע גרופּע, וועלכע האָט געדאַרפֿט צוציהען צו זיך ־די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די סאָלדאַטען, וואָס האָבען בעלאַגערט אונזער הויף. די גרופּע האָט אָנגעהויבען צו געהען צום גאַס און האָט זיך פֿערקירעוועט רעכטס. אויף איהר האָ-בען זיך אַ לאָז געטהאָן פֿון אַלע זייטען סאָלדאַטען, פּאָליציייסקע און קאָזאַקען. די גרופּע האָט זיך דורכגעדרעהט און איז אַריין צוריק, כלומר׳שט, ווי זי וואָלט זיך איבערצייגט, אַז איהר ווערט זיך ניט איינ-געבען אַרויסצוגעהען אויף׳ן גאַס. דער „אויסזעהער", וועלכער איז גע-לעגען אויף׳ן שנעע, האָט פֿערבייגעלאָזען די גאַנצע באַנדע באַשיבוזו-קען, האָט זיך אויפֿגעהויבען און האָט זיך געלאָזען אין וועג, אָנגע-טהאָן ווי אַ מת.

פֿיעל אויפֿרעגונג און ענטציקונג האָט ביי אונז אַרויסגערופֿען דער העלדישער טהאַט פֿון לאַגאָווסקי, וועלכער איז רייטענדיג אויף זיין פֿערד דורכגעפֿלויגען ווי אַ ווינד דורך די בעלאַגערונג צו אונז אין הויף, וואו איהם האָט גלייך עמפּפֿאַנגען אונזער „רעזערוו", וואָס איז איהם אַרויסגעלאָפֿען ענטגעגען.

דעם 26 פֿעברואַר 10 אַזייגער אין דער פֿריה האָבען מיר מיט אַ בעגייסטערטען רעוואָלוציאָנערען געזאַנג אַרויסגעהאַנגען אויף׳ן דאַך אַ רויטע פֿאָהן, פֿון דאַן אָן, ביז מיר זיינען אַרויס פֿון „פֿאָרט", איז דיזע

„עמבלעמע (סמן) פֿון סאָציאַליזם" שטענדיג געהאַנגען אויף אונזער פֿעסטונג: ביי נאַכט פֿלעגען מיר איהר אַראָבנעהמען און אַרויסהיינגען צוריק בעגינען. מיר האָבען צו דיזען צוועק אויסגעשניטען אין די לובעס פֿון קיך אַ פֿיערקאַנטיגען אַרויפֿגאַנג אויף'ן בוידעם. מיט גרויס צאָרן האָט געקוקט אויף אונזער פֿאָהן די אַרמעע, וועלכע האָט אונז בעלאַגערט, זי האָט אָבער ניט געוואַגט וואָס עס איז צו טהאָן, אום איהר אַראָבצואוואַרפֿען. איין זאַך האָט זי געקענט טהאָן: טרעטען מיט די פֿיס איהר שאָטען, וועלכער איז געפֿאַלען אויף דער ערד. בכלל האָט זיך די בעלאַגערונגס-אַרמעע געפֿיהרט זעהר פֿאָרזיכטיג, האָט מורא געהאַט צוצוגעהען נאָהענט צום טויער און האָט נאָר אַכטונג געגעבען אויף דערויף, אַז קיינער און קיין זאַך זאָל צו אונז ניט אַריינקומען. וואָס ווייטער, איז פֿאַר אונז געוואָרען אַלץ קלעהרער, וואָס די רעגירונג האָט בדעה צו טהאָן: ניט וועלענדיג נעהמען אונזער „פֿאָרט" מיט שטורם, האָט דער גובערנאַטאָר בעשלאָסען אונז צו בעלאַגערן אַזוי לאַנג, ביז דער הונגער וועט אונז נויטען זיך אונטערצוגעבען. דאָס האָט ניט געשטימט דערמיט, וואָס מיר האָבען פֿון אָנהויב אָן געטראַכט וועגען דעם כאַראַקטער פֿון סוף. און אין אמת'ן, וואָס וועלען מיר טהאָן, אויב מען וועט אונזער פֿעסטונג ניט שטורמען, נאָר מען וועט וואַרטען ביז עס וועט אויסגעהען ביי אונז די עסענוואַרג? פֿיעלע ספקות און מיינונגען זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרען וועגען דעם, לאַנגע סכסוכים האָבען מיר געפֿיהרט איבער דיזער פֿראַגע.

דערווייל איז גאָר אונערוואַרטעט צו אונז דערגאַנגען ניט קיין קלאָרע ידיעה, אַז די אָרטיגע אַדמיניסטראַציע, וועלכע וויל ניט שטעלען אין געפֿאַהר זיך און די סאָלדאַטען און נעהמען אונז מיט שטורם, האָט בדעה צו באָמבאַרדירען אויף אונז פֿון די ווענד פֿון קלויסטער און פֿון גלאָקען-טורם. צו דיזען צוועק האָט זי גע'גנב'עט אַ האַרמאַט, וועלכער האָט געהערט צו אַ פּריוואַט-דאַמפּפֿער „לענאַ": קיין אייגענע אַרטילעריע געפֿינט זיך ניט אין יאַקוטסק. וועגען דיזען האַרמאַט דערצעהלען בייזע צינגער, אַז ער וואָלט זיך צוריסען פֿון ערשטען שאָס. דעם אמת ריידענדיג, איז די ידיעה אונז אויסגעקומען ווילד, אַ מין באָבע-מעשה, וואָס די יאַקוטסקער איינוואָהנער האָבען אויסגעטראַכט, ניט האָבענדיג וואָס צו טהאָן. די קראַפֿט פֿון די דריי-ליניינע ביקסען, וועלכע די סאָלדאַטען האָבען, איז מורא'דיג גרויס; די קוילען קענען דורכשיסען דורך און דורך איינינע ווענד פֿון קלעצער, און די הילצערנע ווענד פֿון אונזער „פֿאָרט" קענען אונז גאַנץ ווייניג בעשיצען פֿון דיזע קוילען. בעשיסען אונז מיט אַזעלכע קוילען איז אַלץ איינס ווי דערשיסען אונז. מיר האָבען ניט געוועלט דערלאָזען אַזאַ געדאַנק, דאָס מען זאָל פֿון אַ ווייטער שטרעקע און גאָר קאַלטבלוטיג, אָהן אַ געריכט, אָהן אַ'ן אורטייל צום טויט, אָנהויבען צו שיסען אין 57 מענשען (צווישען וועלכע עס געפֿינען זיך 7 פֿרויענצימער), וועלכע האָבען דערווייל קיין שום פֿערברעכען ניט געטהאָן, און דער חטא פֿון וועלכע איז בעשטאַנען נאָר אין דעם, וואָס זיי האָבען ניט געוועלט זיך פֿאַנאַנדערפֿאָהרען פֿון זייער וואָהנונג. אַזאַ געדאַנק האָבען מיר געהאַלטען פֿאַר אַ ווילדען און אונגלויבהאַפֿטען. פֿון דער אַנדער זייט אָבער איז אונזער שונא געוועזען די רוסישע רעגירונג אַליין, וועלכע איז אַרום און אַרום בעפֿלעקט מיט מענשליכער בלוט, וועלכע האָט שוין אַרויסגעוויזען אַזוי פֿיעל פֿאַלשקייט און בלוטגיעריגקייט, אַז וועגען איהר איז אַלץ צו גלויבען... אַלענפֿאַלס מוז מען זיין פֿאָרזיכטיג. מיר האָבען בעשלאָסען צו מאַכען אַ בלינדאַזש אַרום די אויסווייניגסטע ווענד, אָבער וואו

נעהמט מען מאַטעריאַל?* מיר האָבען אַ קלעהר געטהאָן אַהער און אַהין און מיר האָבען אויסגעקלעהרט: מאַטעריאַל איז געווען אָט דאָ גלייך. אויף'ן הויף איז געשטאַנען צוויי קלאַפּטער האָלץ, וועלכע מיר האָבען אין צוויי מאָל אַריינגעשלעפּט אין אונזער פּעסטונג. נאָך די האָלץ האָט זיך געפּונען אויף'ן בוידעם זאַמד; דאָרטען האָבען מיר אויך גע-פּונען גאַנצע אוצרות ציגעל. מיר האָבען דאָס אַלץ אַראָבגעשלעפּט אונטען אין די אַרבייט האָט אָנגעהויבען צו ברענען פון אונטער די הענד. צוליעב דעם, וואָס די אַרבייט איז געווען זעהר צ׳טיילט איז זי געגאַנגען פּאָרווערטס. אַ מאַן פינף זיינען געשטאַנען אויבען און האָבען דערלאַנגט אַלץ, וואָס זיי האָבען געפּונען אין די בעהאַלטענע אוצרות, אַ צעהנדליג מענשען זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט אונטען איינע נעבען די אַנדערע און האָבען דערלאַנגט ווייטער, די איבעריגע האָבען געמייסטרעוועט בלינדאַזשען. די, וואָס זיינען געווען פריי פון דעזשור-סטווע, האָט מען „צוזאַמענגעיאָגט" אויף דער אַרבייט אין פּעסטונג. אַז מען האָט שוין אַלץ פערניצט, האָבען מיר אָנגעהויבען פּאַנאַנדער-צוואַרפען איבעריגע קוימענס, אויוענס, געזימסען. איינגע בלינדאַזשען זיינען געווען פון האָלץ, אַנדערע פון זאַמד, די דריטע פון 2-1 ווענד ציגעל, וועלכע זיינען אָבגעשטאַנען איינע פון די אַנדערע $^1/_2$-$^3/_4$ אַרשין. צווישען איז געווען אָנגעשאָטען זאַמד. דאָס אַלץ איז, פערשטעהט זיך, געווען פערפעסטיגט מיט ווענד, וואָס זיינען געגאַנגען ווערטיקאַל אין דער לייננג. דיזע ווענד זיינען געווען געמאַכט פון ברעטער, וועלכע מיר האָבען אַראָבגענומען פון די פאַרענצעס פון די טרעפּ. מיר האָבען פער-נוצט די שטיינערנע פּליטעס און אפילו די טיכער, מיט וועלכע מען פערשטאָפּט געוועהנליך די שפּאַלטען אין די ווענד. אויסער דעם האָ-בען מיר אָנגעשטאָפּט אַ גאַנצע מאַסע זעק מיט זאַמד און מיר האָבען דאָס געלייגט אויף די בלינדאַזשען. זעק האָבען מיר גענומען פון מעהל, וועלכע מיר האָבען געהאַט אָנגעגרייט. גאָר אונזערע ריילעכער, העמ-דער, טיכלעך, ציכלעך—אַלץ איז אַוועק אויף דעם פּאַטריאָטישען צוועק צו בעשיצען אונזער פעסטונג. אפילו די „באַרנאַולקעס" זיינען אויך אַוועק צו בעציהען די ווענד. מיר האָבען זיך אויך בענוצט מיט אונזע-רע קאַסטענס און קערב, וואָס זיינען געוואָרען אָנגעשאָטען מיט ערד. אין קיך האָבען מיר אָנגעוואָרפען נעבען די ווענד שטיקער אייז, וואָס ביי אונז האָט זיך געפונען. די בלינדאַזשען, וואָס זיינען געווען געמאַכט פון האָלץ, האָבען מיר געמוזט נאָכהער איבערמאַכען, ווייל די ערשטע קוילען האָבען אונז דערוויזען, דאָס זיי שיסען זיי דורך. די לעצטע טעג זיינען אין שטוב געשטאַנען גאַנצע וואָלקענס שטויב; די פּאָדלאָגע איז געווען בעדעקט מיט אַ גראָבען שיכט שטויב, בלאָטע, שטיקלעך ציי-געל א. ד. גל. אונזער וואָהנונג איז צוליעב די בלינדאַזשען געוואָרען קלענער און פאַר אונזער פּעסטונגס-גאַרניזאָן ענגער ווי פריהער, אָבער מיר האָבען געדולדיג אַריבערגעטראָגען אונזערע שווערע לעבענס-בע-דינגונגען. ערגער איז געווען פאַר די פערוואונדעטע, וועמען מען פלעגט דאַרפען איבערבינדען די וואונדען אין אַ'ן אָרט, וואָס איז פול מיט שטויב. אָבער אין אַזאַ שווערען צושטאַנד האָבען מיר זיך געפונען נאָר אין די לעצטע טעג, ווען מען האָט אָנגעהויבען צו באָמבאַרדירען אונ-זער פּעסטונג. — ענדע פעברואַר האָבען אָנגעהויבען אויסצוגעהען

---

* די לייננג פון די בלינדאַזשען האָט געהאַלטען 70 אַרשין, די הויך פון זיי איז געווען דורכשניטליך 2 אַרשין, די גרעב $^3/_4$ אַרשין. אין אַלעמען, הייסט עס, איז געווען געבויע 105 קוב-אַרשין, אָדער 4 קוב-קלאַפטער.

אייניגע נויטיגע לעבענס-פּראָדוקטען, ווי ברויט, צוקער א. ד. גל.

מיר האָבען דעריבער בעשלאָסען זיך אַרויסצו׳גנב׳ענען פֿון „פֿעסטונג" און ברייגגען פּראָוויזיע. די „עקספּעדיציע" האָט זיך גלענצענד איינגעגעבען. צוויי „ראָמאַנאָווצעס" (מאָיסיי לוריע און וואָל. באָדנעווסקי) האָבען זיך דעם 1-טען מערץ אַרויסגע׳גנב׳עט פֿון פֿעסטונג און 8 אַזייגער פֿון אָוועגד צו דער בעשטימטער צייט האָבען זיי זיך ווי אַ ווינד אַריינגעטראָגען אין הויף אויף 2 שליטענס, איין שליטען געשפּאַנט אין 3 פֿערד, דער אַנדערער אין 2. אויפ׳ן הויף האָט זיי שוין דערוואַרט אונזער „רעזערוו", וועלכער איז זיי געלאָפֿען ענטגעגען מקבל-פּנים זיין. צוזאַמען מיט זיי זיינען געקומען 2 נייע געגאָסען: דאָבראָסמיסלאָוו און דראָגאָנאָוו. די שליטענס האָבען מיר באַלד אויסגעליידיגט גאָר אונגעשטערטערהייט און זיי אַרויסגעשיקט צו דער נשתּומם׳דיגער פּאָליציי, וועלכע האָט זיי גערדאַרפֿט אָבגעבען יענעם בעל-הבית, ביי וועלכען מען האָט זיי געדונגען. מען קען זיך פֿאָרשטעלען, וואָס פֿאַר אַ שמחה עס איז געווען אין „פֿאָרט" דעם 1 מערץ פֿון אָוועגד. דיזע איינגעגעבענע עקספּעדיציע האָט געמאַכט אַ גאַנצע עפּאָכע אין דער געשיכטע פֿון אונזער בעלאַגערונג. פֿון דאַן אָן האָט די אַדמיניסטראַציע אַוועקגעוואָרפֿען איהר פֿאָרזיכטיגקייט און עס הויבען זיך אָן געוואַלדטהאַטען*. — (וועגען דעם, וואָס עס איז פֿאָרגעקומען ווייטער, זעה די בראָשורע „די יאַקוטסקער דראַמע").

פֿון „פֿאָרט" זיינען מיר אַרויס דעם 17 מערץ אין דער פֿריה. אין אַלעמען זיינען מיר געווען 56 מענשען, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפֿונען 1 גע׳הרג׳עטער און 3 פֿערוואונדעטע. לאַנגזאַם, זיך ניט אייַלענדיג, זיינען מיר אַרויס פֿון „פֿעסטונג", וואו מיר האָבען אָבגעלעבט 18 טעג. אויפ׳ן גאַס האָבען אונז ערוואַרט: דער גובערנאַטאָר, דער פּראָקוראַר און אַ גאַנצע באַנדע סאָלדאַטען מיט פּאָליציייסקע. אויף אייגענע געמאַכטע בעטלעך האָבען מיר געטראָגען דעם טויטען און די פֿערוואונדעטע און, אין דער בעגלייטונג פֿון אַ גרויסען עולם, זיינען מיר געגאַנגען אין געפֿענגניס. נעבען שפּיטאָל, וועלכער געפֿינט זיך געגען געפֿענגניס, האָבען מיר זיך אָבגעזעגענט מיט דעם טויטען קערפּער פֿון מאַטלאַכאָוו און מיט די פֿערוואונדעטע און קראַנקע און אונזערע 49 מאַן זיינען אַריין אין געפֿענגניס. גלייך ווי מיר זיינען אַרויס פֿון פֿעסטונג, האָבען זיך דאָרטען אַריינגעלאָזען די געריכטס-בעאַמטע און עס האָט זיך אָנגעהויבען די סליעדסטווע. געפֿיהרט האָט זי זיך אַזוי גיך, אַז דעם 25 מערץ, ד"ה אין $2^1/_2$ וואָכען אַרום האָט מען אונז שוין איבערגעגעבען אויפ׳ן האַנד די „דיעלע", און דעם 27 איז זי איבערגעגאַנגען צום פּראָקוראָר, וועלכער האָט דעם זעלבען טאָג איהר אָבגעשיקט אין אירקוטסקער סודעבנע פּאַלאַטע. דער פּראָקוראָר האָט זיך אַזוי געאיילט צוליעב ׳דעם, ווייל — ווי ער האָט אַליין געזאָגט — ער האָט בעקומען אַ בעפֿעהל, וואָס גיכער צוצושטעלען די „דיעלע". אונ-

---

* אין אמת׳ן האָבען זיך די געוואַלדטהאַטען אָנגעהויבען אייניגע טעג פֿריהער. - אַ טייל פֿון די „אולוסניקעס", וועלכע זיינען געבליבען אין שטאָט און האָבּין זיך ענטזאַגט צו פֿאָהרען צוריק, זיינען אַרעסטירט געוואָרען. עס איז אויך אַרעסטירט געוואָרען ל. ל. ניקיפאָראָוו, אונזער דעפּוטאַט, וועלכער איז אַרויס זיך דורכריידען מיט׳ן גובערנאַטאָר. איהם האָט מען אַרויסגעשיקט אין אוסט-מאַי (פֿריהער האָט ער געוואָהנט אין יאַקוטסק) און נאָר נאָכהער ווי אונזער „פֿאָרט" האָט זיך אונטערגעגעבען, האָט מען איהם, אויף זיין פֿערלאַנג, אומגעקעהרט צוריק און אַריינגעזעצט מיט אונז אין געפֿענגניס.

זער „דאָפּראָס" איז פאָרגעקומען דעם 15 מערץ און האָט געדויערט פונקט אַזוי פיעל, וויפיעל מען דאַרף האָבען, אום אונטערצושרייבען דעם נאָמען און פאַמיליע. יעדערען פון אונז האָט מען דערלאַנגט שוין אַ פאַרטיגען בלאַנק, אויף וועלכען דער סלעדאָוואַטעל אַליין, וועלכען מיר האָבען שוין פריהער געגעבען צו וויסען, אַז מיר ענטזאַגען זיך צו ענטפערען וועגען דער „דיעלע", האָט געהאַט אויפגעשריבען: „מען רופט מיך אַזוי און אַזוי. פון ווייטערדיגע אָנצייגונגען ענטזאַג איך זיך". דער גאַנצער אונטערזוכונגס-מאַטעריאַל איז בעשטאַנען נאָר פון די פראָטאָקאָלען, וועלכע מען האָט געמאַכט ביים אַרומקוקען די הויז, פון די ערצעהלונגען פון דער העכערער און נידעריגערער אַדמיניסטראַציע און פון די עדות-זאָגען פון אַ גאַנצער באַנדע סאָלדאַטען, קאָזאַקען, פּאָלי-צייסקע און שפּיאָנען. אזאַ אָרגאַניזירטע פאַלשע עדות-זאָגונג האָבען מיר זיך גאָר ניט געקענט פאָרשטעלען.

ווי עס איז שוין בעקאַנט, זיינען 55 אָנגעקלאָגטע פער'משפט גע-וואָרען אויף 12 יאָהר קאַטאָרגע, איינער (ניקיפאָראָוו) — 1 יאָהר אַרעסטאַנטסקע ראָטעס און 3 בעפרייט.



